**רבקה באַסמאַן / צעשאָטענע קרעלן**

לחביב אורן,
בברכה חמה.

רבקה באסמאן-בן-חיים    6.12.1984.

רבקה באַסמאַן

# צעשאָטענע קרעלן

## לידער

פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ"ב — 1982

*

וועז עמעצער ווייסט
אַ מאָס,
אַ וואָג
וויפל
ליד
אַרייגעגעבן
אין טאָג,
אין יעדער שעה
און אויסטרינקען
אַזאַ מין לידשאַפט־עלעקסיר, —
וואָלט קיין זאַך מער ניט וויי געטאָן
און אויך דער זון־פאַרגאַנג
וואָלט ניט אַזוי
געוויינט
אין מיר.

## מיט ערשטן רעגן

פון די שויבן רעגענען אַראָפּ
די טעג און יאָרן.
ליידיקער געוואָרן איז אין דרויסן,
ווייניקער פאַרבליבן אין דער היים.
מער און מערער אותיות
אײַנגעקריצט
אין שטיין —
מיט ערשטן רעגן.

*

פֿאַראַנען טעג
וואָס איך געהער
צו זיך.
אָפֿן איז דער ים,
און בלוי
און טיף
דער טאָג.
פֿאַראַנען טעג —
איך גיי פֿאַרלאָרן,
פֿאַרנעפּלט ווערט
דער ים
און וואָלקנדיק
מיט אַלע יאָרן.

## אין רעגן

א

אין רעגן
ווערן בלעטער
גרין.
ווי קומט אַזאַ קאָליר
אין רעגן,
בעת הימלען
ווערן גרויער?
איז עס ניט
אַ טרייסט־קאָליר
צום טרויער?

ב

דער רעגן
לויטערט מיך
ווי בלעטער אויפן בוים.
דער רעגן,
וואָס באַרויִקט
אומרויִקע צווייַגן;
די ביימער הערן אויף צו שווייַגן
און ריידן רעגנדיק די שענסטע קלאַנגען.
אַן אָוונטיקע גרויקייט
גלעט מייַן שויב
און כ׳ווייס ניט וואָס איך הער —
דעם רעגן
צי געזאַנגען?

# טעג

פאַר עני און משה לעוויט

כ'האָב געזען
ווי פון טעג
איז געוואָרן
קאַלירן און ווערטער,
כ'האָב געזען
ווי פון טעג
איז געוואָרן
פּאַפּירן פּאַרטרערטע,
און די טעג
האָבן ערנסט
געקוקט מיר אין אויגן, —
עלעהיי, ניט פאַרפלויגן.

כ'האָב געזען
ווי אַ בליק
איז געבליבן אַ יונגער,
אין יונגשאַפט געפאַנגען
קאָליריק געזונגען,
און ס'האָבן די קלאַנגען
געקוקט מיר אין אויגן —
עלעהיי, ניט פאַרפלויגן.

כ'האָב געזען
ווי מײַן חבר
איז קראַנק אויף געדענקשאַפט
און האָט ניט געלאָזט
היילן
זײַן בענקשאַפט.

*

וואָס נעמט אַ מענטש מיט זיך
אין וועג?
ער נעמט
די אָפּגעשפּאָרטע גוטס פון טעג
און נעמט
די טעג,
וואָס זייער קומען
האָט שוין ניט
געהאָלפן.

וואָס נעמט מיט זיך
אַ מענטש
אין וועג? —
דעם זון־פאַרגאַנג
פון אַלע טעג.

*

— י. צ. שאַרגעלן

דער בעסטער פֿרײַנד, מײַן בוים,
באַגינען הענג איך אויס אויף אים
די אומעטן פֿון נאַכט —
ער בייגט אַראָפּ צו מיר
אַ צווײַג
און שטומערהייט
בליט אַרײַן אין מיר
זײַן ריידן.
צי ווערט עס מיר בלויז
אַזוי גוט —
צי אפשרביידן ?

*

פֿאַרוואָס
אַז מען דערמאָנט זיך
פֿרייד
ווערט אומעטיק.
אפשר
ווײַל ס'פֿאַרגייט
דער אומעט און די פֿרייד
און די
דערמאָנונג.

*

וואָס באַוויַיזט מען
דורכן טאָג
דער אָוונט זאָל ניט שרעקן ?
וואָס באַוויַיזט מען
לויפנדיק
מיט קוים־קוים צייַט
צו פרעגן :
וואָס טוט אַ פרייַנד,
וואָס מאַכט אַ בוים,
צי האָט ער אָפגעבליט ? —
וואָס באַוויַיזט מען
דורכן טאָג, —
אַזוי פיל
ניט.

## באַרעגנטע ווערטער

**א**

בלומען פאַרביקע
צופוסנס פון געמעלן,
בלומען שטאַרביקע
אַנטקעגן
אַקוואַרעלן.
שיינקייט איבער שיינקייט,
פאַרבן קושן פאַרבן. —
די געמעלן
דויערן
און די בלומען
שטאַרבן.

**ב**

אַז אַ רעגן פאַלט אויף ווערטער
נעמען ווערטער בליִען.
אויך אַ טרער איז רעגנדיק,
אויך די בענקשאַפט רעגנט.
קום אַרויס מיט מיר
צום רעגן.
פאַר די טראָפּנס קניִען, —
אַז אַ רעגן
פאַלט אויף אונדז
קומט
דאָס בליִען.

ג

אַלץ ווערט שענער פון דער וויַיט,
קוק און האָב הנאה.
ווענט פאַרטיליקט פון דער צײַט
ווערן לידער בלאָע.

אַלץ ווערט קלענער פון דער וויַיט
בלויז די בענקשאַפט איינע —
קוק ניט פון דער וויַיט אויף איר
טאָמער נעמסטו וויינען.

ד

מיט בלומען
קומען קאָליריקע רעיונות.
אַזוי פיל שיינקייט
אין אַ בלום,
מוז דאָך אַזאַ שיינקייט
ערגעץ פעלן,
פון עמעצן אַוועקגענומען. —
וויינען שטעבלקעס און דערנער
פאַזע בלומען.

ה

מײַן פֿרײַנד,
וואָס פֿלעגט
פֿאַרכּישופֿן
באַגינענס,
קאָן שוין ניט
זײַן בלױ
געפֿינען.
ער קאָן ניט
אײַנרײדן
דעם טאָג
אַ רעגן־בױגן,
עפֿענען
אַ לילאַ פֿענצטער
אין די אױגן,
אױספּוצן
איעדער שעה
אין קרעלן —
דער טאָג
זאָל יאָ
געפֿעלן.

מײַן פֿרײַנד
האָט ניט גערעדט
פֿון שטאַרבן,
און מיר האָט ער
פֿאַרטרױט,
אַז אָט־אָ
מאָלט ער אױס דעם טױט
אין לעבעדיקסטע פֿאַרבן.

*

איך האָב קיין כוח ניט
באַגעגענען דעם טויט
און גיי פון שטוב אַוועק.
נאָר ס׳איז דאָס אייגענע
אין וועג,
ווו ס׳רעגנט —
אויפן גרויען פּנים
פון די טעג.

*

דער טויט ציילט אויך
זײַנע יאָרן,
און הייבט זיך אָן
ווי נאָר וואָס
געבאָרן.
דערנאָך ווערט ער אַלט
און עלטער
און גאָר־גאָר אַלט.
ערשט דעמאָלט
שטאַרבט ער
אויף אייביק.

# אַמאָל אין אַ רעגן

ניט פֿאַרבעטן האָט דעם רעגן
קיינער.
ער איז אַליין געקומען און אַרומגענומען
שויבן.
פֿון גאָר די צוגעשטעלטע קעסט
איז וווּנדערלעך־געשמאַק געווען
דער רעגן.
די געסט, וואָס האָבן נײַגעריק
געלייענט אין מעניו:
האָבן אפשר זיך פֿאַרבענקט נאָך שווּעמלעך.
די קעלנער איז פֿון לאַנג דערעסן
עסן
גאַנצע טעג.
נאָר אונדז
האָט עפּעס אַנדערש
אויסדערציילט דער רעגן, —
מיר זײַנען הונגעריק געזעסן
נאָך יונגע טעג.

*

פאַר וועמען
בליט אַ בלום
אין אַ פאַרלאָזטן גאָרטן?
ניטאָ קיין פויגל,
ניט קיין גראָז
און קוים די זון —
פאַר וועמען
בליט זי דאָרטן
צווישן שפּליטערס
גלאָז און שטיין:
זאָל זײַן
פאַר זיך
אַליין?...

## צו עמילי דיקינסאָן

דו האָסט באַדאַרפט
פיר הונדערט דרייצן ווערטער
אויף צו זאָגן
אַז דו ביסט אַליין.
דו האָסט געביטן ערד און הימל
מיט די ערטער,
אויף ניט דערקענען
אַז דו ביסט אַליין.
דו האָסט פאַרשדכנט
בין און בלום צו גאָט
און ניט פאַרגעסן אויפזוכן
אַ פריַינד
אַפילו פאַר אַ שטיין.
פיר הונדערט דריַיצן ווערטער
אָפּגעשפּאָרט,
ניט צו דאַרפן זאָגן:
כ'בין אַליין.

*

די פרוי
וואָס האָט
קיין קינדער
ניט געבאָרן
האָט אַלע קינדער
האָלט געהאַט,
האָט אַלע קינדער
פיַינט געהאַט
ווי אַלטע יאָרן.
זי פלעגט די קינדער
זוכן
ווי אַ פויגל
זוכט אַ קערן
אין אַ הונגעריקן פעלד;
און זיך האָט זי
אַ קינדער־מעשהלע
דערציילט —
די שענסטע
אויף דער וועלט

*

פאַר א. אַכמאַטאָוואַ

פון וואַנען נעמט זיך די עקשנות
ניט איבעררייסן אינדערמיט
און היילן זיך אַליין די טריט
מיט בײַטשן, אָן רחמנות.

פון וואַנען נעמען זיך די כוחות
דערזען אַ בלום אין וויסטן וועג
און גלייבן, אַז דאָס ווײַזן טעג
פון גוטס אַ צייכן.

דער ענטפער בלײַבט פאַרהוילן,
און אומפאַרשטענדלעך וואָס איך פרעג;
איך האָב אַליין געקושט די גרווילן
פון מײַנע טעג.

*

זיך אָפּטרייסלען
פון שרעק, —
ווי טרייסלט מען זיך אָפּ
דערפון,
עס נעמט אַרום דיך
און אַרום.
מחשבות בלײַבן שטיין
ווי וועגן
אָנגעשאָטענע מיט שטיינער,
ווו קיינער
קאָן אַ טראָט ניט שטעלן.
ווי גייט מען דורך
אַזעלכע וועגן ? —
זיך אָפּטרייסלען
פון שרעקעדיקן פרעגן.

*

איך מיט דיר
און די רויזן.
רויזן ווע́לקן שנעל.
אומרו
שאָטנט בײַם שוועל.
און מוזיק
שפּילט
די אייביקייט.
פאַרוואָס פּאַטשט מען „בראַוואָ"
בײַם סוף פון קאָנצערט ?
פאַרטויבן דעם סוף ?
בעטן דעם אָנהייב ?
מיר גייען אַהיים
און גייען אין ערגעץ ניט אַוועק.
איך מיט דיר
און די רויזן.
רויזן ווע́לקן שנעל,
און ס'רייצט זיך מיט אונדז
די מוזיק
פון יענער זײַט
אייביקייט.

*

אויך לידער
זײַנען טראָפּנס היילונג,
מען טרינקט זיי ביזן דנאָ —
און לײַכטער ווערט שוין צו דערציילן,
אַז היילונג איז ניטאָ.

# כ׳האָב באַהאַלטן דייַן בלי

א.

די יאָרצייטן די אַלטע
זענען יונגע.
און מיר געדענקען זיי,
ווי עס געדענקען
וואָרצלען פון אַ בוים
דעם רעגן;
די יאָרצייטן די אַלטע
זענען האַרבסטן, ווינטערס,
און מיר פאַרטייַטשן זיי
אויף אָנהייב פרילינג.

ב.

בייַם טויטן
פלאַטערל
בלייַבט
די שיינקייט
פאַרפראָרן.
ער שענקט זי אַוועק
זייַן איינציקן טאָג,
וואָס איז זוניקער
פון אַ סך יאָרן.

ג.

כ׳האָב באַהאַלטן דייַן בלי,
דייַנע יונגינקע טעג,
איצטער שטייסטו און וויינסט
אַ גרויע אין וועג.
קום צו מיר,
כ׳וועל דיר ווייַזן
דייַן שיינקייט פאַרהיט, —
איך ווייס
ווו זי בליט.

*

אריה שמרי — לזכרון

צי דאַרף דאָס קאַלטע איַיז
דעם פרילינג ?
און רחמים,
צי דאַרף די וועלט ?
פון דיַינעטוועגן
געוויס,
פון דיַינעטוועגן
זיבער,
וויַיל אַנדערש קאָן ניט זיַין.
אַלץ וואָס אומרעבט
קרום
און קראַנק
מוז ווערן פאַרהיילט ;
פאַרצערעוועז מוז מען
די ריסן.
און אויסשפרייטן
ווי אַ זוּיבערן שניי
איבער וועלט
אַ ריין געוויסן.

*

דײַן טרויער גייט אַרום אין מיר
אויף שטעגן אויסגעטראָטענע
ווי אין אַן אַלט באַקאַנטער שטאָט.
ביידע
זוכן מיר דעם טויער
צום
ערשטן געבאָט.

*

מען מעג אַ מאָל אויך זיך אַליין
באַדויערן,
מען מעג אַ מאָל אויף זיך אַליין
אויך טרויערן,
און נאָך דעם
די געזאַלצנקייט פאַרווישן.
עפענען די שויבן צו דעם דרויסן
אין בלעטער לייענען די גרינע אותיות,
וואָס נעסטיקן אין רויִק־אַלטעביימער,
ווינטיקע
און זוניקע
און שיינע.

*

וואָס טוט אַ פויגל
ווען זײַן נאָענטער
שטאַרבט ?
גאָר אַ נאָענטער.
צי ברענגען
אים אַ טרייסט
די האָריזאָנטן ?
ווען אַ פויגל בלײַבט
אַליין —
צי קאָן ער וויינען ?
אפשר רײַסט ער
פעדערלעך זיך אויס
ווי קריעה,
און אומבאַהאָלפן
זינגט ער
צו דער שקיעה.

*

אמתע פרײַנד
אַנטלויפֿן ניט.
זיי גייען אין ערגעץ
ניט אַוועק.
זיי וואַרטן
דאָרט,
ווו ס׳אַנטלויפֿן די טעג.
ניט איינמאָל
אַנטרין איך
אין זייער בלעטערדיקן דנאָ,
ווו דער הימל שפּילט זיך
מיט גרין און מיט בלאָ.
ניט איינמאָל
באַהאַלט איך
אין זיי אַ וואָרט
און געפֿין עס
נאָך ווינטער
אויפֿן זעלביקן אָרט.

*

די עריטרינאַ איז אַ פויגל־בוים
אַ פלאַמיקער
און פייגל וואַרטן,
אַז די צווײַגן זאָלן זינגען.
נאָר אַז דאָס שווײַגן דויערט —
נעמען פייגל זינגענדיק די צווײַגן מוטיקן.

ניטאָ אַ צווייטער בוים,
צו וועמען פייגל זאָלן אַזוי זינגען.
דאָס בעטן זיי אַנטכּישופן באַגערן,
די עריטרינאַ זאָל צוריק
אַ פויגל ווערן.

*

איך וועל זי רופן:
געל־שנאָבעלע
שוואַרץ־פעדערל
פלינק־פיסעלע
שאַרף־אויגיקע,
דערשראָקן־בויגיקע,
היפּערן בײַם פּלויט.
איך וועל זי רופן:
פלײַסיק פייגעלע,
וואָס האָט ניט
וועץ צו זינגען
זוכנדיק אויף דר׳ערד
אַ קרישל ברויט.

*

לאָמיר הערן
גוטע מוזיק —
געזאַנגען
פרילינגדיק־יונגע,
לאָמיר אַרויס
אַ קוק טאָן ווי פייגל
זוניקע זינגען.
און לאָמיר הערן
ווי פרילינג
ליבט זיך
מיט גראָזן,
און לאָמיר ניט קלערן
ווי איינזאַם
אַ מענטש איז
פאַרלאָזן.

*

אַ בוך
און אַ ליד
און אַ גוטע שורה
און דאָס איז גענוג, —
בעסער
ווי בעסטער ווײַן
אין אַ קרוג.
אַ בוך
און אַ ליד
און אַ טרער
איז זייער אַ סך, —
און אַ ווײַסינקע טויב
נאָך דערבײַ
אויף מײַן דאַך.

*

פאַר אַברהם סוצקעווער

כ׳האָב פײַנט
צו הערן קלאַנגען
ווי געפּאַלמעסטע
אויף שטיקלעך,
ווילדע האָרדעס
יאָגן זיך
ביז דול.
כ׳האָב ליב
די בייגיק־לאַנגע קלאַנגען,
וואָס אָטעמען
מיט פרילינגדיקע
רעגנס,
מיט קנאָספּן־זוויגלינגען —
מיט אָנהייב
לעבן.

*

דער טאָג וואָס פֿאַרגייט
נעמט צו מײַנע אַלע נצחונות,
און וואָס כ׳האָב געוווּנען בײַ טאָג
פֿעלט מיר אין אָוונט.
אַנטלויפֿט
ווי אַ הירש פֿון אַ פֿײַל.
און פֿול מיט חרטה
בלײַבט שטיין
דאָס געאײַל.

*

מיר האָבן זיך ניט אויסגעלערנט לעבן,
מיר האָבן זיך ניט צוגעוווינט צו שטאַרבן,
מיר ווערן אָוונטיק
ווען ס׳בײַטן זיך פון טאָג די פאַרבן.

מיר קאָנען ניט מיט זיך אַליין פאַרבלײַבן,
און זוכן שכנים, פרעמדע טירן.
מיר זוכן ווי די צײַט פאַרטרײַבן
און זוכן ווי דעם טאָג פאַרלירן.

און זוכנדיק פאַרלירן מיר די יאָרן
און פאָרן איבער ים׳ען זיי געפינען,
נאָר אומעטום באַגלייט אונדז דער זכרון,
מיר קאָנען פון זײַן שליטה ניט אַנטרינען.

מיר האָבן זיך ניט אויסגעלערנט לעבן,
און ווייסן ניט ווי זיך אַליין צו היילן;
די גרויסע נאַכט וואָס קומט אונדז ליבשאַפט געבן
איז טויב צו אַלץ וואָס מיר דערציילן.

*

שוין צײַט
אין זיך
דערקענען
מײַנע מאַמעס,
אין בליק
דערזען
די זעלביקע געשטאַלט.
שטיי איך
ווי רויט־היטעלע
אין וואַלד
און אַלעביימער
שרעקן.
כ׳וועל מסתמא
ניט געפינען
ווו
צו גיין.
מאַמע,
ווי זשע לאָזט מען עס
אַ קינד
אַליין ?

*

די יונגע עלטער־זיידעס
ריידן און דערציילן,
עס ווערט זיי בעסער
אין אַ טאָג אַ זוניקן.
ווען גרויע וואָלקנס
וויקלען אײַן די שטיבער,
הער איך
זייער איינזאַם פֿאַרגיין.
זיי טראָגן מיך
דורך צײַט אַריבער
און אַלע מעשיות זייערע
ווער איך
אַליין.

*

עס בײַטן זיך די טעג אויף מילדער,
די וואָלקנס ווערן העלער גרוי,
דער ווינט איז אויך ניט אַזאַ ווילדער —
אַ סאָסנע ווי אַ יונגע פרוי
צעבליט זיך מיט די דינסטע קנאָספּן
און ציט מיט האָניק און מיט היים,
און קיינער בלײַבט ניט הײַנט אין גאָרטן
אַליין.

אויך איך דערלייג מײַן בינטל ווערטער
צו די, וואָס הערן ווי עס גייט
אַוועק דער ווינטער אַ פֿאַרקלערטער,
אין זײַן אומעטיקער קלייד
און לאָזט די יונגע ייִנגער ווערן
און לאָזט די אַלטינקע דערהערן
יונגשאַפֿט,
וואָס פֿאַרגייט.

*

אין אַ רויִקער שעה
קאָן מען זיך
אויסקלערן
אַן אמתע וועלט,
די גרויס
ווי דאָס זינגען
פון אַ פויגל,
די גרויס
ווי די ליבשאַפט
פון אַ שילדקרעט
צו דער ערד.
אין אַזאַ שעה
קאָן מען געדענקען
אַזוינס,
וואָס איז נאָך ניט געשען,
וועט ניט אויפהערן זײַן —
איז ניט געווען.

*

אַמאָל פּאַסירט
אַז אויך אַ בין
פּאַרגעסט איר היים, איר מי,
און בלײַבט די לעצטע
אויף אַ בוים
צוליב אַ לילען בלי.
עס שרעקט זי ניט די נאַכטיקייט
וואָס לויערט מיט ניט־הי,
ס׳איז קײנער ניט אַרום
בלויז זי
פּאַרליבט
ביז טויט
אין בלי.

*

אויך שטערן האָבן פֿרײַנד און נאָענטע
און באַקאַנטע אין דער ווײַט,
זיי האָבן נעמען לאַנג־דערמאָנטע
און לאַנג־פֿאַרגעסענע אין צײַט.

אויך ווי פֿאַרליבטע לעבן שטערן.
עס טרעפֿט בלויז זאַלבעצווייט,
ווו ס׳ריידן „זיִען" צו די „ערן"
פֿינקלדיקע רייד.

אויך אין משפּחות לעבן שטערן
מיט אייניקלעך אַ סך,
און האַלטן זיך אין מערן, מערן
ביז ענג זיי ווערט די נאַכט.

נאָר ס׳טרעפֿט, אַז צווישן אַלע שטערן,
וואָס אָין־סוף זייער צאָל.
פֿאַראַן איז א י י נ ע ר, גאָר אַליינער
א י י נ י נ ק ע ר ביז גאָר.

אָפּגעזונדערט און פֿאַרגעסן
גליט זײַן שטערן־טרער —
און זײַן עלנט איז נאָך גרעסער
פֿון דער גאַנצער ערד.

*

מען קאָן פֿאַרטראַכטן וואָס מען וויל
און מען מיינט, ס׳איז בלויז אַזאַ לײַכטע שפּיל
אָנשרײַבן צי אָנמאָלן
אַן אייזעלע קליין,
וואָס גייט אַ פֿאַרקלערטס אין וועג אַליין.
ווערט דאָס פֿאַרטראַכטעניש
פּלוצעם פֿאַרהילט,
און ס׳איז גאָר ניט אמת
אַז מען קאָן וואָס מען וויל.
דאָס אייזעלע גייט זיך אומעטיק, שטיל
און קיינער ווייסט ניט
פֿון וואָס עס טראַכט,
און איידער וואָס־ווען
פֿאַרגייט די זון
און ס׳קומט אַ לאַנגע, טונקעלע נאַכט.

*

אין אַזאַ אָוונט
ווערט דער טאָג
היימישער
און קלענער.
די בינען האָבן אויסגעקושט
זײַן בלי
און אים פאַרלאָזן.
דעם האָניק
וועט צונויפזאַמלען
די נאַכט,
ניט לאָזן גאָרניט
פאַר די מאָרגנדיקע
בינען —
און מער וועט
קיינער
אַזאַ אָוונט
ניט
געפינען.

*

אַ גאַנצע נאַכט געראַנגלט זיך. מיט וועמען? מיט אַ מלאך
און כ׳ווייס ניט ווער עס האָט געזיגט.
דער אָנהייב טאָג איזביידן אונדז באַפאַלן
און ביידן אונדז פאַרוויגט.

און ס׳האָט דער שלאָף אין אונדז דעם פלאָם פאַרלאָשן,
אַז ניט געדענקען זאָלן מיר זײַן ברען;
מיט וועמען האָב איך זיך פאַרמאָסטן,
אַז אויסער מיר איז קיינער ניט געווען?

## נאַכטיקע שטיבער

נאַכטיקע שטיבער הערן זיך צו
צו מענטשנס חלומות.
ווערן די שטיינער אין ווענט
לבנהיק
און טרעריק
און טונקל.

אַ שטוב ווערט אַזוי ווי אַ פּנים,
וואָס זוכט צו זײַן חלום
באַשייד.

נאַכטיקע שטיבער
ווערן פול מיט שרעק
בײַם אויסגיין
פון אַלע חלומות.

*

אויף נאַכטיקע וועגן
בענקט שאָפּען.
זײַנע טריט
ווערן קלאַנגען
וואָס קלינגען אַרײַן
אין מײַן בלוט.
די לבֿנה דערקענט מיך
און קומט מיר דערמאָנען
די שלאָפּלאָזע נעכט
פֿון קראַנקע פּאָעטן,
וואָס קומען זיך היילן
צום קוואַל פֿון מוזיק.

*

פֿאַרוועלקטע זכרונות
וויינען,
בעטן זיך
ראַטעווען.
מינטער זיי אָפּ,
נעם זיי צוזאַמען
אין אַ בעכערל
טרערן
זייערע
לילע
אויגן
זאָלן
זעעוודיק ווערן.

## מענטשן עלטערן זיך

מענטשן עלטערן זיך אין גרוי,
בלומען אין געל און ראָז,
גראָזן אין גרין.
און אַלע גיבן צוריק אַוועק
זייערע פאַרבן
און ווייסן ניט
וווּהין.

## איך קאָן זיך ניט אײַנריידן

איך קאָן זיך ניט אײַנריידן:
איך בין דאָס גראָז,
אָדער גראָז וועל איך ווערן.
איך קאָן זיך ניט אײַנריידן:
איך בין דער אַלץ
און דער אײנס מיט די שטערן.
מיר דאַכט בלויז:
ווען איך וועל ניט ווערן
ניט זײַן וועט קיין גראָז
און ניט בלײַבן
קיין שטערן.

*

לזכר יעקב פרידמאַן

די טרויעריקע ווערטער וועגן דיר
וועלן מער קיין ליד ניט ווערן.
עס וועט אַרומבלאָנקען אַליין
אַ פײַער־וואָגן
צווישן שטערן.

אויסנווייניק
וועלן מיר די שורות דײַנע בלעטערן,
ווי צופעליק פאַרלוירענע
אין טאָל פון טרערן,
און דאַנקען פאַרן זכות,
וואָס דווקא דאָ
באַשערט איז אונדז געווען
דײַן ליד צו הערן.

*

אין טרער פון צײַט
ווי שווער
איז אײַנראַמען
אַ שמייכל
און אַ ניגון.
פֿאַרוואָלקנט
ווערט
דער וועג
צום וויגל.
בלויז יענע בלויקייט
אויף אַ הירש אַ יונגן
רײַט, —
וויל אַדורך
דעם נעפּל
און
די
צײַט.

*

גערשווינס בלויע בענקשאַפט
טוט מיר וויי.
מען זאָגט,
ער פלעגט פאָרן צו נעגערס
זוכן קלאַנגען.
געפונען האָט ער זיי
אין זיך,
אַנטרונענע
פון ברעניקן מידבר,
פון טרעריקע קעלערס
מיט ייִדישן טרויער.
ווי פאַרעקשנט
עס לעבט גערשווינס
ייִדישקייט.

*

כ׳בין אַרויס פון טאָג,
ווי ס׳גייט אַרויס אַ זעלנער
פון אַן אויסגעפּרעסטער ריי,
און אַלצדינג טוט אים וויי.

ווי זאָל איך צוריק
אין טאָג אַרײַן,
אין זײַן ליכט און שײַן,
אין זײַן בוים־און־בלעטער־בונד
אין זײַן זונענווונד ?

ווי זאָל איך דורך וואָלקנדיקער שויב
ווי אַ טויב
אַרײַנשפּרינגען
אין בלויען
טאָג ?

## נאַכטיקע שפּאַצירן

אַ הונט האָט מיך באַקוקט
און ניט געוווּסט
צי זאָל ער בילן.
בײַנאַכט אַ הונט אַן איינזאַמער
געוואָלט זיך אפשר שפּילן?
און אפשר גאָר געזוכט אַ פֿרײַנד
און ניט געקאָנט פֿאַרשטיין
וואָס טוט אַ מענטש
בײַנאַכט אין גאַס —
ווי אַ הונט
אַליין.

*

איך האָב געזען צוויי פערד, וואָס האָבן צווישן זיך גערעדט.
די אָוונטרו האָטביידנס לײַב געגלעט.
פון אַ ווינקל אויג בײַ איינעם האָט געטריפט אַ טרער,
פאַר וואָס? — האָב איך געקלערט.

די פערד די צוויי, וואָס האָבן זיך געטוליעט קאָפּ צו קאָפּ,
בעת טאָג האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעלאָשן באַרג אַראָפּ,
האָבן מיר פאַרשטעלט
סודות פון דער וועלט.

בײַ נאַכט האָב איך געזען די צוויי
אין חלום: איינער ברוין, דער צווייטער גרוי.
און אויף די טרער איז גרוי געווען און גרויס
ווי ס׳איז דער אומעט בעת דער טאָג גייט אויס.

*

אַזוי ווי כ׳וואָלט אַנטלאָפן —
ניט צו זען,
ווי ס׳וואָלט מיך ניט געאַרט
דאָס אָפּזעגן פון בוים.
איך האָב געקוקט
מיט אויגן
ווי שויב
פאַרהאָנגען
מיט אַ פינצטערן געוואַנט.
בײַ נאַכט
האָט אַ געדונגענער פאַרברעכער
אָפּגעזעגט
מײַן פוס,
מײַן האַנט.

*

צו וואָס
דאַרף מען טייטן
אַ מענטש,
אַז ער שטאַרבט
סײַ־ווי
אַליין.
צו וואָס
דאַרף מען אָנטאָן
אַ מענטשן פּײַן,
אַז ער האָט עס
גענוג
אַליין.
צו וואָס
פֿאַרקראַטן פֿאַר אים
אַ פֿויגלס פֿלי, —
אַז ער האָט
די קראַטן
אין־זיך —
סײַ־ווי.

*

צעשאָטן האָבן זיך די קרעלן
און איך האָב זיי געפּרוּווט דערקלײַבן,
ווי ס׳וואָלט געווען אַיעדעס קרעלכל
אַ טאָג, אַ יאָר צום בלײַבן.

די קרעלן האָבן זיך פֿאַרלאָרן
אונטער שטיינער, אין שפּאַרונעס,
און איך האָב זיי ווי פֿלינקע יאָרן
אין ערגעץ ניט צוריקגעפֿונען.

## ביאָגראַפישע פּרטים

כ'האָב געלייענט
וועגן זיך
ביאָגראַפישע פּרטים.
דער איינציקער פּרט
וואָס איז מײַנער —
דער טאָג פון געבאָרן.
די אַנדערע
שטימען ניט מער
מיט מײַן געשיכטע.
און כ'קאָן שוין ניט
די טעות'ן
פאַרריכטן.

*

פֿאַמעלעך שיילט זיך אויס
פֿון פֿינצטערניש אַ בלום.
עס נעמט איר ווײַסקייט
מיך און אַלץ אַרום
און אַלע וועגן ווערן ווײַט ביז גאָר
און שווײַגנדיק פֿאַרלעשט זיך
נאָך אַ יאָר.

*

די צײַט
לויפט באַרג אַראָפּ.
דערפֿאַר איז שווער
אַרויפצוגיין
אַ באַרג.
מיר גייען לײַכטער
באַרג אַראָפּ
און קריגן מורא
פֿאַר דער לײַכטקייט
פֿון אַרונטער.

*

מען דאַרף זיך אָפּטער זען,
עס קאָן פֿאַרדריסן,
אויב דער פֿאַרדראָס
וועט לעבן.
און טאָמער ניט —
מען דאַרף זיך אָפּטער זען,
דער וועג וואָס בלײַבט
פֿאַרוווּנדיקט פֿון אַ ראָד
פֿאַרהיילט אַ שפּור.

כ׳געדענק
ווי איינמאָל אויף אַ פֿור
כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט
ווי אויף צוריק
און מיט אַ צווײַג
אין האַנט
געוואָלט זיך
ווי פֿאַראַנקערן
אין וועג,
נאָר ס׳האָבן רעדער זיך געאײַלט
און אָפּגעביסן
שטיקלעך צווײַג
ווי טעג.
פֿאַרבליבן כ׳בין
מיט פּוסטע הענט. —

מען דאַרף זיך
אָפּטער זען.

*

מיר שפּילן שוין אָן בוטאַפֿאָרן,
די בינע איז נאַקעט און פּוסט,
דער זאַל איז אונדז ליידיק געוואָרן,
ווי קיין מאָל פֿון אונדז ניט געוווּסט.

מיר דאַרפֿן ניט מער קיין סופֿליאָרן,
ס׳ווערט קירצער און קירצער די ראָל,
און ס׳ווישן אַראָפּ די אַקטיאָרן
דעם גרים און די פֿאַרב פֿון אַמאָל.

זיי דאַרפֿן זיך מער ניט גרימירן
צום אויסטראַכטן אַנדערע טעג,
און האָבן ניט וועמען צו פֿירן
און ווייסן ניט וויַיטער דעם וועג.

אַליין בלײַבט דער אַלטינקער שומר,
וואָס קומט און דער לעצטער פֿאַרמאַכט
די טירן, דאָס ליכט און די טרוימען
און קיינער ניטאָ — און ס׳איז נאַכט.

*

באַגעגנט האָב איך פֿנימער באַקאַנטע
אין אַ מוזיי.
איך האָב זיי קוים דערקענט, און זיי?
אין זייער בליק כ'בין אויך געווען
אַן אַנדערע,
כאָטש מיר האָט זיך געדאַכט:
איך בין די זעלבע.

געקלאַמערט האָט זיך יעדער
צו אַ פּיצל פֿאַרביקייט,
ווי ס'וואָלט געקאָנט אַ פּינטל בלוי
באַזיגן זייער שטאַרביקייט.

*

אָט האָב איך צײַט.
וואָס טו איך מיט דער צײַט
כ'זאָל ניט דערטרונקען ווערן?
נאָר אײדער וואָס
הײבט אָן די צײַט
צו טאָן
מיט מיר
און פרעגט ניט
וואָס
מיט
מיר
צו טאָן.
עס טרעפט זי ווערט מיר נאָענט
און טרינקט פאַר מיר
אַ טראָפּן טרײסט,
און ס'טרעפט
זי ווערט
סײַ פרעמד
סײַ ווײַט —

צי האָב איך צײַט?

*

באַגינען
האָט אַ קינד
געפרעגט
בײַם זקן:
— ווי שפּעט?
פאַרוווּנדערט
האָט אַ קוק געטאָן
דער אַלטינקער
צום הימל
און געענטפערט:
— זייער שפּעט.
די פריאיקייט
פון טאָג
האָט בלוי
פאַרנעפּלט
ביידנס בליק.
און ס'האָט
דער אַלטינקער
אַרײַנגעקוקט
אין קינד
ווי אין אַ זייגער,
ווו די ווײַזערס
גייען אויף צוריק.

*

ווײַזט אויס,
אַז ווײַזערס
פון אַ זייגער
דראָען:
אין שטענדיקער אַנטלויפעניש
פון שעהען
זעען אויס
די ווײַזערס
ווי צוויי פינגער
וואָס באַשטראָפן —
כ׳האָב געזען
ווי ס׳איז אַ זייגער
פון דער צײַט
אַנטלאָפן.

*

דער מידבר האָט אַ ברעג,
נאָר ס׳האָבן ניט קיין ברעג
די טעג,
וואָס מיר
גיבן זיי
אַ נאָמען,
זייער נאָמען אויף אַן אמת
ווייסן מיר ניט.
מיר טיילן אונדזער פרייד
און צער אויף שטיקלעך צײַט,
וואָס אויך די צײַט —
מיר ווייסן ניט איר נאָמען.
און טאָמער
גנבעט זיך אַרײַן
די צײַט אין מידבר,
דאַכט זיך אונדז,
אַז ס׳האָט דער מידבר
ווו אַ ברעג.

*

גרינער מידבר
קאָן ניט זײַן?
איך בין גרינער מידבר.
מײַנע טריקענישן בלױען,
מײַנע שטערן די פֿאַרלאָשענע
לײַכטן מיר אין בליק.
שפּורן זע איך
אינעם זאַמד
פֿאַרשאָטענע —
װער װעט זײ געפֿינען?
לאָז מיר פֿרעגן נאָך אַ מאָל:
קאָן אַ מידבר
גרינען?

*

מיט זיך נעמט מיט דער שטראָם
אַ גאָלדן פישעלע, אַ שטיין
און מידע שעהען.
ווען וואַסערן פאַרשפילן זיך
אין קלאָרן הימלראַנד
דערזעט מען זיך אויף דנאָען.

מיט זיך נעמט מיט דער שטראָם
מיך און דיך
און לערנט אונדז פאַרגעסן די צוריקן,
נאָר ווי הונגעריקע מעוועס נאָך אַ שיף
קלאַמערן זיך קעגן שטראָם
אונדזערע בליקן.

*

דורכן טויער פון ליד
קומען ניט קיין טויבן.
זיי האָבן הימל געגנוג
און פליִען דאָס ליד פאַרביַי.
צום טויער פון ליד
קומען יאָרן
און קאָנען ניט אַדורך.
זיי בלײַבן
מחוץ דעם הימל
און מחוץ דעם טויער.
איַין ליד בלײַבט פאַרוועבט
זייער היימלאָזער טרויער.

*

איך ווייס,
דאָס וויינט די נאַכט אין מיר
ניט ווענדיק.
צי קאָן מען צומאַכן אַ טיר
פאַרשטעלנדיק
די שוועל
פאַר יענער טראַכטעניש,
צי בלויז אין רעגן
עגבערט עס
אַזאַ מין
דאַכטעניש,
בעת בלעטער־בליקן
קוקן אויס
ווי טרערנדיק
און ס׳קלערן זיך
מחשבות
ווי ניט קלערנדיק.

*

פאַראַנען זאַכן ווונדערלעכע,
וואָס אויב דו ווילסט דערפילן —
דאַרפסטו זיי פאַרגעסן.
גאַנצענע מעת־לעתן
וואַרטן אויף צוזאַמענטרעף מיט זיי
און בלויז געדענקען,
ווי' עס וויינט די צײַט,
וואָס קאָן זיי ניט פאַרגעסן...

*

זכרונות
זײַנען עופּעלעך
און זקנים,
קאָנען נאָך ניט ריידן,
זײַנען גרוי
און גרײַז.
זכרונות
ווערן תמיד
נײַ געבאָרן,
און זייער
פֿײַעראױג
ברענט דורך
די ווײַטסטע יאָרן.

*

דו זאָגסט,
זכרונות זײַנען געפּערלעך,
זיי מאַכן אַלט ווי קרײַד,
די צײַט באַדאַרף ניט קיין געהילף.
צי ווערט מען יונגער
אָן זכרונות?
אַפילו דער ים
האַלט ניט אויס
די זכרונות:
ער לאָזט זיי איבער
פֿאַר אונדז
אויפֿן ברעג.
און מיר געפינען
באַגינען
אויף דערשראָקענעם זאַמד
אַ בינטל דערטרונקענע
נעכטיקע טעג.

*

דער שוים,
וואָס קומט צום ברעג,
איז דאָס געלעכטער אויף די ליפּן
פון דעם ים.
ער לאַכט פון אונדזער קלייַבן
דעם פאַרמעג
און ווייַזט אונדז
זאַמדפּאַלאַצן
אויפן ברעג,
ווו אַלע טירן רינען אויס
מיט ריגל, שלאָס און צוים,
און אויפן זאַמד
בלייַבט נאַקעט־גרויס
פאַרוווּנדיקט
אונדזער טרוים.

*

דערציייל אונדז:
פאַר וואָס האָסטו געשריבן
דאָס ליד
פון דער יונגער פרוי
מיט איר לילען שירעם?

איך האָב געוואָלט אַז דאָס ליד
זאָל זײַן אַזוי שיין
ווי די יונגע פרוי
מיט איר לילען שירעם.

ווען איך וואָלט געקענט אָנשרײַבן
אַזאַ לילען שירעם!

*

כ׳האָב באַגעגנט אַלטמאָדישע שורות
און כ׳האָב זיך דערפילט אין דער היים,
אַזוי ווי ס׳וואָלט פלוצעם מײַן צורה
זיך באַפרײַט פון קלעפּיקן ליים.

ווי דורזיכטיק־זויבער די ווערטער, —
ווײַסינקע טויבן אין בלאָ,
אַ ריזל פון קוואַלן דערהערסטו
און זעסט אַ זויבערן דנאָ.

אַלטמאָדישע שורות, באַצירטע
מיט קיין מאָל ניט וועלקיקן גרין,
זיי שמעקן מיט לאַרבער און מירטע
און זינגען רעגנדיק־דין.

די זעלביקע מורא׳ס און שרעקן,
ווי מײַנע די בענקשאַפט אין זיי.
אַפילו יאָרהונדערטערס פלעקן
קאָנען ניט אָפּמעקן זיי.

*

אַן אַלטער טאָג
ווערט פּלוצעם יונג,
אפשר וועט דער פלוימענבוים
נאָך בלוּען?
זײַן גוף האָט מיר באַוויזן
טרעריקע סימנים
בײַם דערמאָנען זיך:
אַ, פלוים,
וואָס זוך איך
אין אַזאַ מין דרויסן?
אפשר וועט מיר עמעצער
אומקערן אַ חוב
וואָס כ׳האָב פון לאַנג שוין
אויפגעהערט צו מאָנען,
אפשר ברענגט מיר עמעצער
קאָלירן פון געדענקען?
אַ טאָג ווערט פּלוצעם יונג
און קראַנק
פון בענקען.

## טיי מיט מאַלינעס

מע זאָגט,
אַז טיי מיט מאַלינעס
איז גוט
געזונט צו ווערן.
מיך מאַכט עס קראַנק:
די טרערן־קיַיקעלעך אין מאַלינע,
אָנגעזאַפּט מיט שקיעה,
גאָלדיק־רויט —
שטעקן מיך אָן מיט בענקשאַפט
ביז צום טויט...

*

אַ בלום
האָט אויך אַ ביִאָגראַפיע
און דערציילט מיר פּרט נאָך פּרט,
ווי אַן אַלטע פֿאָטאָגראַפיע,
וואָס האָט אַ יונגן בליק געהאַט.

אַ נאָמען פון אַ בלום
צו וואָס זשע דינט עס,
אַז בענקשאַפט רופט זי בײַם קאָליר,
מסתמא האָט אינמיטן ווינטער
אַ פרילינג זיך פאַרבענקט צו איר.

*

פון גאַנצן טאָג
איז מיר געבליבן
אַ לילער בוים.
די אומעטיקע זאַכן
האָבן מן־הסתם
אַזוי געוואָלט.
בין איך פאַרבײַ די אומעטן
ווי ס׳גייט אַ ראָד פאַרבײַ
די זעונגען
אין וועג,
ווי ס׳גייט דאָס לעבן
זיך אַליין פאַרבײַ —
פון שרעק.

*

פוסטע ווײַנגלעזער
ניכטערן זיך אויס
פון זכרונות.
בײַ ליידיקע טישן
קוקן זיי
מיט ניכטערע בליקן
און זוכן
אַן אייביקע יונגשאַפט
אין ווײַניקן דנאָ,
וואָס איז בלויז פאַראַן
אין אַ מעשהלע.

*

מען דאַרף אַ מאָל באַנײַען אַלטע װעגן
און אָפּטרייסלען די גרױקײטן פֿון האָר,
מען מעג אַ מאָל בײַ קײנעם גאָר ניט פֿרעגן
און אָנקלאַפּן אין טיר פֿון פֿאַר אַ יאָר.

אַרײַנשפּרינגען אַהין, אויף קיין זאַך מער ניט וואַרטן,
פֿון עולן אויסטאָן זיך און ווערן שרעקלעך גרינג.
זיך אָנשפּאַרן אָן בוים, צו אים אין האַרצן
אַרײַנקרײַזן ווי רינג אין רינג.

און אויך דעם בוים קיין קשיות מער ניט פֿרעגן.
מיט זײַנע בלעטער אויספּוצן די האָר.
מען מעג אַ מאָל באַנײַען אַלטע וועגן
און בלײַבן בײַ אַ שוועל פֿון פֿאַר אַ יאָר.

# גרויע קאָלירן

גיי ניט אַוועק פון די גרויע קאָלירן,
זיי זײַנען שרעקלעך שיין;
און ווייסן אַווו דײַנע שטימונגען פירן —
צו זיך אַליין.

גיי ניט אַוועק פון די גרויע קאָלירן,
פאַרלירסט דײַנע גוטע פרײַנד,
און איידער גוטע פרײַנד צו פאַרלירן —
היט דעם גרוי פון הײַנט.

מיט גרוי ווערט אַיעדער קאָליר שענער,
קאָלירפולער ווערט אַ פלעק,
אין גרוי קאָן ווערן אַ ווייטיק קלענער
און שטילער די שרעק.

גיי ניט אַוועק פון די גרויע קאָלירן,
זיי זאָגן דעם אמת ביז גאָר.
זיי בלײַבן די לעצטע צו עפענען טירן
און ווײַזן ווי ס׳חלומט די וואָר.

*

די וואַסערן פאַרטריקנט ביזן דנאָ,
נאָר זייער בענקשאַפט האָט צום ברעג געצויגן.
און כאָטש די וואַסערן ניטאָ
און אויך די יאָרן זיך צעפלויגן,

פאַרבליבן איז אין באַרג אַ שטעג
ווי אין דער לופט אַ שניט פון פויגל,
גרויע פּנימער פון טעג
פאַרקוקן זיך מיט ווײַטע אויגן

בעת דער זכרון וועקט זיי אויף
מיט אַלע ווייטיקן און פריידן,
אויסגעלייזט ווערט גוף נאָך גוף
און ס׳נעמט די גרויסע בענקשאַפט ריידן.

*

אַז מען היט די אַלטע בריוו
לעבן אויף טויטע פרײַנד.
און עס ווערט צוריק דער נעכטן —
הײַנט.

האַלט מען אַלטע בריוו אין סדר,
גלייבט מען ניט דעם טויט,
שורות אָטעמען און ריידן
האַרציק און פאַרטרויט.

לייענט מען די בריוו —
איז מען ניט אַליין
און עס גלייבט זיך ניט דאָס שיידן
בײַם פאַרגיין.

## גערענקשאַפּט

פּופּציק יאָר יונג־ווילנע

איז דען פאַראַן
ביַי צייַט
אַ יחסן ?
אַז יעדער יונגער
איז שוין פופציק יאָר.
אַ צווייַגל
קוים אַרויסגעוואַקסן —
אַליין אַ בוים
מיט גרויע האָר.
און פלוצעם
קומט אַ גרוס פון ווייַטן
און גערענקשאַפט
בליט ביז גאָר,
אין לידער
בלעטערן מיר צייַטן
און גלייבן ניט
די פופציק יאָר.

*

פאַר וואָס
פאַרגייט אַ בלום
אַזוי קאָליריק ?
זי גיט אַוועק צוריק
די ליבשאַפטן
דעם ווינט
און בלײַבט
אַליין.
עס טרעפט,
אַ פלאַטערל
קומט צו דער בלום
דערמאָנען
יונגע ליריק
און פליט אַוועק.

פאַר וואָס
פאַרגייט אַ בלום
אַזוי קאָליריק,
אָן אַ שרעק —
פונוואַנען ווייס איך,
אַז קאָלירן פון אַ בלום
זײַנען ניט קיין תפילות
ערב טויט ?

עס האָט די לילע
שטאַרבנדיקע בוגענווילע
זיך פאַר קיינעם ניט פאַרטרויט.

*

אַז מען קאָן
און מען וויל
ווערט רויִק און שטיל.
ווען
ווערט אַזוי גוט,
אַזוי גרינג,
עס זינגט זיך אַליין,
פון זיך אַליין,
די קלאַנגען
הערן זיך אײַן
אין דער אייגענער רו,
זעלטן ווען טרעפט
אַזאַ
רויִקע רו —
כ׳וואָלט אָפּטער
געגאַנגען אַהין
ווען איך ווייס
ווי אַזוי
און ווּהין.

## די טרער פון מאָרגן

לאָמיר וואַרטן ביז דער בליִונג.
נו, און ווײַטער ?
בינען גאָלדענע ציִען
צו די פאַרבן.
אויב דו ווילסט
פאַרטייל די צײַטן
פון אַ בליִונג ביז אַ בליִונג.
וואָס עס נעכטיקט אין זכרון
ווייסן צווײַגן,
און זיי קנאָספּן, יוירן, יאָרן
און זיי שווײַגן.

*

איך לעב אין אַ שטאָט
פון קאָלירן און סטראָפן,
איך לעב אין אַ שטאָט
ווו שלעכטס איז אַנטלאָפן.
ס׳איז אפשר
די איינציקע
שטאָט —
צו באַגעגענען
גאָט.

# אין דער זאַמלונג

## אַמאָל אין אַ רעגן


* (כ׳האָב לידער געלייענט . 9
* (ווען עמעצער ווייסט . . 10
מיט ערשטן רעגן . . . . 11
* (פאַראַנען טעג) . . . . 12
אין רעגן, א.ב. . . . . . 13
טעג . . . . . . . . 14
* (וואָס נעמט אַ מענטש) . . 15
* (דער בעסטער פרײַנד) . . 16
* (פאַרוואָס) . . . . . . 16
* (וואָס באַווײַזט מען) . . 17
באַרעגנטע ווערטער,
א. ב. ג. ד. ה. . . . . 18
* (איך האָב קיין כוח ניט) . 21
* (דער טויט ציילט) . . . 21
אַמאָל אין אַ רעגן . . . . 22
*(פאַר וועמען) . . . . . 23
צו עמילי דיקינסאָן . . . . 24
* (די פרוי) . . . . . . 25
* (פון וואַנען) . . . . . 26
* (זיך אָפּטרייסלען) . . . . 27
* (איך מיט דיר) . . . . . 28


## טרעריקער פרילינג


* (אויף לידער) . . . . . 31
כ׳האָב באַהאַלטן דײַן בלי
א. ב. ג. . . . . . . 32
* (צי דאַרף דאָס קאַלטע אײַז) 34
* (דײַן טרויער) . . . . . 35
* (מען מעג אַמאָל) . . . . 36
* (אויף לידער) . . . . . 31
* (אמתע פרײַנד) . . . . . 38
* (די עריטרינאַ) . . . . . 39
* (איך וועל זי רופן) . . . 40
* (לאָמיר הערן) . . . . . 41
* (אַ בוך) . . . . . . . 42
* (כ׳האָב פײַנט צו הערן) . . 43
* (דער טאָג) . . . . . . 44


## נאַכטיקע שפּאַצירן


* (מיר האָבן זיך ניט) . . . 47
* (שוין צײַט) . . . . . . 48
* (די יונגע עלטער־זיידעס) . 49
* (עס בײַטן זיך די טעג) . . 50
* (אין אַ רויִקער שעה) . . . 51
* (אַמאָל פּאַסירט) . . . . 52
* (אויף שטערן) . . . . . 53
* (מען קאָן פאַרטראַכטן) . . 54
* (אין אַזאַ אָוונט) . . . . 55
* (אַ גאַנצע נאַכט געראַנגלט
זיך) . . . . . . . . 56
נאַכטיקע שטיבער . . . . . 57
* (אויף נאַכטיקע וועגן) . . 58
* (פאַרוועלקטע זכרונות) . . 59
מענטשן עלטערן זיך . . . . 60
איך קאָן זיך ניט אײַנריידן . 60
* (די טרויעריקע ווערטער) . 61
* (אין טרער פון צײַט) . . . 62
* (גערשווינס בלויע בענק־
שאַפט . . . . . . . 63
* (כ׳בין אַרויס פון טאָג) . . 64
נאַכטיקע שפּאַצירן . . . . 65
* (איך האָב געזען צוויי פערד) 66
* (אַזוי ווי כ׳וואָלט אַנטלאָפן) 67
* (צו וואָס) . . . . . . 68

## צעשאָטענע קרעלן


* (צעשאָטן האָבן זיך די קרעלן) 71
ביאָגראַפישע פּרטים . . . . 72
* (פּאַמעלעך) . . . . . . 73
* (די צײַט) . . . . . . 74
* (מען דאַרף זיך אָפּטער זען) . 75
* (מיר שפּילן שוין) . . . . 76
* (באַגעגנט האָב איך) . . . 77
* (אָט האָב איך צײַט) . . . 78
* (באַגינען) . . . . . . 79
* (ווײַזט אויס) . . . . . 80
* (דער מידבר האָט אַ ברעג) . 81
* (גרינער מידבר) . . . . 82
* (מיט זיך געמט מיט) . . . 83
* (דורכן טויער פון ליד) . 84


## קאָלירן פון געדענקען


* (איך ווייס) . . . . . . 87
* (פאַראַנען זאַכן) . . . . 88
* (זכרונות) . . . . . . 89
* (דו זאָגסט) . . . . . 90
* (דער שוים) . . . . . 91
* (דערציילט אונדז) . . . . 92
* (כ'האָב באַגעגנט) . . . . 93
* (אַן אַלטער טאָג) . . . . 94
טיי מיט מאַלינעס . . . . 95
* (אָ בלום) . . . . . 96
* (פון גאַנצן טאָג) . . . . 97
* (פוסטע ווײַנגלעזער) . . 98
* (מען דאַרף אַמאָל באַנײַען) 99
גרויע קאָלירן . . . . 100
* (די וואַסערן פאַרטריקנט) . 101
* (אַז מען היט) . . . . . 102
געדענקשאַפט . . . . . 103
* (פאַר וואָס) . . . . . 104
* (אַז מען קאָן) . . . . 105
די טרער פון מאָרגן . . . . 106
* (איך לעב אין אַ שטאָט) . 107

## ביכער פון רבקה באַסמאַן:

**טויבן ביים ברונעם**

לידער

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1959

•

**בלעטער פון ווענן**

לידער

פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1967

•

**ליכטיקע שטיינער**

לידער

פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1972

# פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"

## הילפספאַנד פאַר יידיש־שאַפונגען

### לעצטנס דערשינענע ביכער

אברהם סוצקעווער / דאָרטן ווו עס נעכטיקן די שטערן, דערציילונגען.
צייכענונגען: יאַני פּײַן

הירש אָשעראָוויטש / בלויע בומעראַנגען, לידער און פּאָעמעס

חיים זעלצער / שאָטנס אין מדבר, לידער און באַלאַדן

דב סדן / טויערן און טירן, עסייען און עטיודן

דאָרע טייטלבוים / ביים טויער פון מעת־לעתן, לידער

דוד ספארד / שפּאַצירן אין דער נאַכט, לידער

ישראל אייזענבערג / פאַרוואָס גראָד איך?

מ. אַליצקי / לידער פון פריער און פון איצט

משה שטאַרקמאַן / געקליבענע שריפטן, בוך 2, צונויפגעשטעלט: י. צ. שאַרגעל

שלמה שנהוד / לידער פון הייליקן עפּלפעלד. צייכענונגען: פּנחס שער

ישעיהו שפּיגל / געשטאַלטן און פּראָפילן — עסייען. באַנד צוויי

חנה שליט / אין שטענדיקן צאַפּל, לידער

מנוחה ראָם / שטיינער, ח"י דערציילונגען

שרה שבת / פון היים צו היים, לידער

יעקב צבי שאַרגעל / קוואַלן אַרום געצעלט — צווישן שרייבער און ווערק.
בוך צוויי.

יצחק יאַנאַסאָוויטש / אברהם סוצקעווער זײַן ליד און זײַן פּראָזע

יעקב י. מייטליס / פון ווײַטן אַמאָל ביזן היינט, פאָרשונגען און עסייען

הדסה רובין / אין צוגווינט, לידער.

הירש אָשעראָוויטש / ביים עץ הדעת, לידער.

עלי שעכטמאַן / רינגען אויף דער נשמה — ערשטער און צווייטער בוך

חיים זעלצער / זיבן פון איין שיף — באַלאַדעס און באַלאַדיש

דב סדן / צווישן ווײַט און נאָענט — עסייען, שטודיעס, בריוו

משה יונגמאַן / מיין טאַטנס פרנסות — ליד און באַלאַדע

אַסיאַ / ניט קיין אַלבאַטראָס — לידער

אברהם סוצקעווער / פון אַלטע און יונגע כתב־ידן.